אויסגאַבע פֿון די פוילישע סאָציאַליסטישע פאַרטיי

# די
# ארבייטער סאלידאריטעט
## און
# דער קאמפף אום דאזיין

(SOLIDARNOŚĆ ROBOTNICZA)








לאנדאן

1904



## I.

די הייליגע ספרים און רבנים פֿון פֿערשיעדענע גלויבענס שרייבען, אַז די וועלט האָט דער רבונו של עולם בעשאַפֿען מאַין, פֿון גאָר נישט אין פֿער־לויף פֿון זעקס טעג; אַז אין דער קורצער צייט האָט ער בעשאַפֿען אַלער אַרט שלאַנגען, פֿויגעל און ווילדע חיות, וועלכע האָבען געלעבט אין בעסטען שלום און האָבען ארומגעשפּאַצירט אין דעם וואונדערליכען גאָרטען, אין גן עדן. אין דעם זעלבען גן עדן האָט זיך אין אַ שיינעם העלען טאָג אויפֿגעכאַפּט דער מענש, אדם הראשון און האָט אָנגעהויבען צו געניסען, אָהן אַרבייט, פֿון אַלע גוטע זאַכען, וואָס זיינען געוועזען ארום איהם. ער האָט געלעבט גליקליך מיט זיין חוה, ביז... ער האָט פֿערזינדיגט, ווייל „ער האָט פֿערזוכט די פֿרוכט פֿון עץ הדעת"

וואָס זאָל בעדייטען די פֿרוכט פֿון עץ הדעת? צו דען ווילען זיי אונז ווירקליך איינרעדען, אַז עס האָט געוואקסען אַ בוים מיט זיסע עפּפעל, וועלכע אדם הראשון האָט ניט געטאָרט אָברייסען ביז דער נחש, אָדער דער יוצר הרע האָט איהם ניט אָנגערעדט? ניין: — די חכמים זאָגען, דאָס עס דייטעט, אַז גאָט האָט געגעבען די ערשטע מענשען אַלעס וואָס זיי האָבען געדאַרפֿט און האָט זיי פֿאַרוועהרט צו זיין נייעגיעריג, האָט פֿאַרוועהרט צו זוכען זעלבסטשטענדיג נייע חכמות און נייע גוטע זאַכען, צו טראַכטען און געוואָהר ווערען פֿון וואַנען די אַרומיגע זאַכען שטאַמען, פֿון וואַנען נעהמט זיך שלעכטס און גוטס, וואָס איז אמת גוט און וואָס אמת שלעכטס. ווען די ערשטע מענשען וואָלטען ניט געזינדיגט, ווען זיי וואָלטען ניט געטראַכט וועגען דעם, נור געגלויבט בלינד אין גאָט, וואָלטען זיי נאָך עד היום געווען אין גן עדן.

וואָס ווילען די ספרים און די רבנים מיט די מעשות? אָט דאָס: ווייל היינט וויל שוין גאָט ניט רעדען מיט די מענשען, ווי אַמאָהל מיט אדם

און חוה ן, נור עס רעדען אין זיין נאָמען רבנים און פערשיעדענע קדושים (וויניגסטענס זאָגען זיי אַזוי), איז אויב דער מענש וויל זיין גליקליך און גע-האָלפען, דאַרף ער בלינד גלויבען אין די הייליגע ספרים מיט די רבנים, און די הימלישע מעקלער, קיינמאָהל זיי ניט קריטיקירען, ניט בעטראַכטען מיט'ן אייגענעם שכל וואָס עס טהוט זיך אַרום איהם, געהן ווי אַ אָקס אין יאָך, וועלכען מען האָט אויף איהם אַרויפגעלייגט און דער הויפט — ניט קעמפפען אים אַ בעסערע לעבען, ווייל אויב גאָט וויל, קען ער איהם אַליין געבען אַלעס, אַזוי ווי ער האָט געגעבען אדם הראשון'ען אין גן עדן; אויב ער וועט ניט געבען אויף דער וועלט, וועט ער אָבגעבען אויף יענער וועלט. ווען דער מענש וועט אָבער אָנהויבען דערגעהן מיט'ן אייגענעם שכל וואָס איז גוט און וואָס שלעכט, וועט ער זינדיגען ווי אָדם הראשון און וועט האָבען דעם זעל-בען סוף, וואָס ער.

מיר וואָלטען געגען די באָבע מעשיות גאָר ניט האָבען, ווען מען וואָלט מיט זיי איינשלעפען קינדער אין די וויגעלעך, ווען מען וואָלט ניט מאַכען דערפון אַ הייליגטהום ווי איצט. ווען מיר קוקען זיך נעהנטער צו, זעהן מיר, דאָס עס איז אַ שפין וועב אין וועלכע די פערשיעדענע גלויבענס ווילען פערפלאָנטערן די גייסטער, דאָס עס איז אַ קישעלע, אויף וועלכער זיי ווילען די ליידענדע מענשהייט איינשלעפען. אַם מעהרסטען זיינען די אַלע מעשיות נוטציג פיר די פאַבריקאַנטען מיט דער רעגירונג, ביי וועלכע די שטריימלאַך פון אַלע גלויבענס זיינען אויף'ן דיענסט: דער דלות שטאַמט ניט פון אויסבויטונג און אונטערדריקונג, נור... ווייל אדם הראשון האָט געזינדיגט און — ווי די יעזואיטישע שטריימלאַך גיעבען צו — ווייל דער מענש זינדיגט נאָך עד היום. און דער גרעסטער חטא איז, ווייל דער מענש קלערט, טראַכט אַליין און גלויבט ניט. יעדער קאַמפף מיט די פאַבריקאַנטען איז אַלזאָ ניט נור איבריג, נור זאָגאַר שעדליך, ווייל... ער ערוועקט דען זעלבסטשטענדיגען גייסט. העולם הזה דומה לפרוזדור, די וועלט איז נור אַ פאָרשטיבעל, די זאַלאָנען זיינען אויף יענער וועלט. עס איז אַלזאָ ניטאָ איבער וואָס האָבען צוטהון, דאָרט וועלען ניט זיין קיין אָרימאַן און קיין גביר, קיין דלפון און קיין עושר. דערווייל אויף דער וועלט שלעפ די טאַצקע, האָריווע און ווער פערשוואַרצט. דאָס איז אין קורצען דער אינהאַלט פון די דרשות און ספרים, אָהן אַ אינטערשיעד פון וואָס פיר אַ גלויבען, איבעראַל וואו עס גיעבט אויס-בויטונג, איבעראַל וואו עס זיינען דאָ רייכע און אָרימע. דאָס איז דער פונדאַ-מענט, אויף וועלכעם עס איז געבויט די דאָגמאַטישע זייט פון אַלע גלויבענס. עס איז אַ שלאף-טרונק כדי די קעשענע-אָפּעראַציאָן זאָל אַם בעסטען געלונגען.

מיר וועלען זיך ניט בעשעפטיגען פיעל מיט די איינצעלהייטען פון די באָבע מעשיות. מען דאַרף ווירקליך ניט האָבען קיין טראָפען געזונדען פער-שטאַנד אין קאָפף, מען זאָל ניט זעהן די ווייסע שטעך פון די אונגעלומפערטע הענד פון פערשיעדענע צייטען און פעלקער, ניט זעהן, דאָס די גאַנצע מעשה בראשית איז ווי אַ קאָרטען-שטיב, וואָס קינדער בויען, אים ניט צו זעהן, אַם אין נאַרישקייט רייט אויף דער צווייטער אין די דריטע יאָגט אונטער. מען

דאַרף זיין בלינד און ניט זעהן, דאָס די ששת ימי בראשית זיינען געמאַכט, כדי עס זאָל זיין אַ זיבענטער טאָג שבת, דאָס אַ גאָט וואָס בעשאַפֿט אַ וועלט פֿון גאָר ניט בעדאַרף ניט האָבען קיין גאַנצע זעקס טעג דאַרויף.

געלעהרטע האָבען שוין לאַנג בעוויזען, דאָס קיין גן עדן איז אויף דער וועלט ניט געווען און דאָס די וועלט איז אויפֿגעקומען ניט אין זעקס טעג נור אין אַ משך פֿון מיליאָנען און מיליאַרדען יאָהרען. די וועלט האָט עקזיס־טירט, ווייל פֿון גאָר ניט קען מען גאָר ניט בעשאַפֿען, דער קלעינסטער שטויבעלע שטאַמט פֿון עטוואָס. ווען עס וואָלט אַמאָהל גאָר ניט זיין, וואָלט אייביג גאָר ניט זיין. נור די וועלט איז ניט שטענדיג געווען די זעלבע, ווי זי איז איצט. די וועלט ענדערט זיך, טוישט זיך יעדען אויגענבליק. די וועלט איז אָהן אַ גרענעץ, אונזער ערד מיט׳ן גאַנצעם זונעסיסטעם צו וועלכעם זי געהער, איז ווי אַ קליין שטויבעלע אין פֿערגלייך מיט דער גאַנצער וועלט; די אונצאָהליגע שטערן, וועלכע מיר זעהן ביי דער נאַכט, זיינען זונען און ערדע (פּלאַנעטען), וואָס ווייזען זיך אונז אויס קליין, ווייל זיי זיינען ווייט פֿון אונז מיליאַרדען מיילען. אָבער ניט יענע זונען, ניט אונזער ערד זיינען ניט אויפֿגעקומען מיט אַמאָהל, דורך אַ בעפֿעהל, נור זיי זיינען געוואָרען ביסלעכ־ווייז, שטופֿענווייז און זיינען דורכגעגאַנגען אַ גאַנצע רייהע ענדערונגען. די געלעהרטע זיינען דער מיינונג, דאָס גאָר אַמאָהל, פֿאַר מיליאַרדען יאָהרען, איז געווען נור אַ נעבעל, אָדער הייסע גאַזען, וועלכע האָבען געשוועבט אין דער לופֿט. ביסלעכווייז, ביסלעכווייז זיינען די גאַזען אָבגעקיהלט געוואָרען, איבערגעגאַנגען אין פֿליעסיגקייט און געוואָרען קוגעלען, וואָס דרעהען זיך אַרום זיך. (עס זיינען דאָ ביכער, וואָס ערקלערען דאָס אַלעס גענוי און דייטליך; מיר דערמאָהנען עס זעהר קורץ און אַלגעמיין, ווייל מיר ווילען איבערגעהן צו דעם, וואָס געהט אונז דאָ אַם מעהרסטען אָן). אַזאַ אַרט קוגעל פֿון הייסע, פֿערגאַנדערגעשמאָלצענע מעטאַלען, איז היינט די זון און אַמאָל איז געווען אויך אונזער ערד. די ערד קוגעל האָט זיך אָבער מיט דער צייט אָבגעקיהלט און איז געוואָרען האַרט. עס איז, פֿערשטעהט זיך, דאַן אויף דער ערד ניט געווען קיין פֿלאַנצען, קיין לעבענדיגע נשמה. מיט דער צייט זיינען זיי אויך אויפֿגעקומען; אָבער נישט אַלע אויף אַ מאָהל און ניט אין דער זעלבער פֿאָרמע, ווי מיר זעהן זיי היינט.

עס איז גאָר קיין ספק ניט, אַז עס איז געווען אַמאָהל אַ צייט, ווען עס זיינען אויף דער ערד ניט געווען קיין שום לעבענדיגע בעשעפֿענישען, אויסער קליינע בריאה׳לעך, וועלכע האָבען ניט געהאַט קיין קערפּער אָרגאַנען: פֿיס, הענד, קאָפּף, אויגען, אויערן, מאָגען, קישקעס, לונגען א. ז. וו.; עס האָט אויסגעזעהן ווי אַ קיילכעלע, וואָס האָט אַריינגעצויגען אין זיך שפּייז און זיך איבער געהוקט פֿון איין אָרט אויף דעם צווייטען דורך איינשרומפּען און אויסציהען זיך; זיי האָבען זיך געמעהרט איינפֿאַך, צופֿאַלענדיג אויף זעהר פֿיעל גלייכע טהיילען. די בריאה׳לעך זיינען געווען עהנליך צו די קעמער־לעך, אָדער טהיילכעלעך, אויס וועלכע עס בעשטעהט דער מענשליכער קער־פּער און אים אַלגעמיין אַלע בעשעפֿענישען. ווי אַזוי די ערשטע קעמערלעך

האַלטען זיך צוזאַמען, אָדער בעסער -- וואַרום זיי געהן זיך ניט פֿאַרנאַנדער ביים מעהרען זיך, אָדער ביים צופֿאַלען אויף טהיילען נור זיי בלייבען צוזאַמען, ענטוויקלען זיך און בעשאַפֿען פֿערשיעדענע אָרגאַנען פֿון דער זעלבער בע-שעפֿעניש, דאָס לערנט די וויסענשאַפֿט אונטער דעם נאָמען פֿערגלייכונגס עמבריאָלאָגיע, אָדער די וויסענשאַפט, ווי אַזוי עס ענטוויקלען זיך די פֿער-שיעדענע קיימע (זרע) ביי די חיות.

דערפֿאַר אָבער קען נאָך די וויסענשאַפֿט עד היום ניט ערקלערען, ווי אַזוי פֿון די אַמאָהליגע בריאה׳לעך זיינען אין פֿערלויף פֿון אָהן אַ שיעור יאָהרען אַרויסגעקומען די פֿערשיעדענע חיות, וואָס מיר זעהן היינט. די וויסענשאַפֿט בעגעהט זיך אָבער ניט ווי די רעליגיאָן. די לעצטע איז גע-גרינדעט אויף פֿינסטערניש און נעהמט אָן אַלעס וואָס מען גיט איהר צום גלויבען; דעריבער האָט דער גלויבען פֿאַרטיגע ענטפֿערען אויף אַלע פֿראַגען, אָבער דאָס זיינען אַזעלכע ענטפֿערן ווי צב.: די ערשטע פֿרוי איז בעשאַפֿען געוואָרען פֿון אדם הראשון׳ס ריפ. די וויסענשאַפֿט האָט נאָך ביז היינט ניט ענטדעקט די אורזאַכען, וואַרום איין בעשעפֿעניש ווערט אַ מענליכע און די צווייטע — אַ ווייבליכע; זי דערצעהלט אָבער קיין באָבע מעשות ניט, נור איז מודה, דאָס די פֿראַגע ווי נאָך פֿיעל אַנדערע, איז נאָך ניט אויפֿגעלייזט. וואַרום? ווייל פֿראַגען קומען צו אין דער וויסענשאַפֿט אָהן אַ שיעור, וועהרענד מענשען, וועלכע זאָלען זיך מיט די פֿראַגען בעשעפֿטיגען, איז דאָ זעהר ווייניג. עס שטערען די פֿינסטערניש און אָרימקייט, אָבער נאָך מעהר שטערט דער שלעכטער געזעלשאַפֿטליכער סיסטעם, וועלכער שפּאַנט איין מיליאָנען מענשען, וואָס וואָלטען געקענט אַרבייטען פֿיר דער וויסענשאַפֿט צו דער שווערער, דומער און אַלטעגליכער טאַצקע.

ווי עס איז, דאָס קען שוין די וויסענשאַפֿט זאָגען, דאָס אַלערליי אַרט לעבענדיגע בעשעפֿענישען זיינען אויפֿגעקומען ביסלעכווייז, דאָס אויך די איינציגע אָרגאַנען האָבען זיך געענדערט שטופֿענווייז און דאָס זיי האָבען אָנגענומען פֿאָרמען, צופּאַסענדיג זיך צו די בעדינגונגען, אין וועלכע זיי האָבען געלעבט. אַנדערע אָרגאַנען זיינען אויפֿגעקומען ביי בעשעפֿענישען, וואָס האָבען געלעבט אין וואַסער, צב.: פֿלוספֿעדערן ביי פֿיש; אַנדערע — ביי די וואָס האָבען געלעבט אויף דער יבשה: פֿיס און הענד, און אויך ביי די — אַנדערע צב. ביי מאַלפּעס, וואָס קריעכען אויף די בוימער, אַנדערע — ביי די פֿיערפֿיסיגע, וואָס געהן אויף דער ערד און אַם ענדע — פֿויגעל וואָס פֿליהען אין דער לופֿט האָבען פֿליגעל אנשטאט פֿלוספֿעדערן און הענד. דאָס הייסט, דאָס יעדע לעבענדיגע בעשעפֿעניש מוז זיך מיט איהרע אָרגאַנען, מיט׳ן גאַנצען קערפּער צופּאַסען צו די בעדינגונגען אין וועלכע זי לעבט. די לע-בענסבעדינגונגען האָבען זיך ניט איינמאָהל געענדערט, ווייל אונזער ערד האָט זיך אין דעם משך פֿון מיליאָנען יאָהר זעהר פֿיעל געענדערט; דאָ איז זי געווען בעדעקט מיט אייז, דאָ מיט וואַסער, אַמאָהל הייס און אַמאָהל ווידער קיהלער און טרוקענער. זעהר פֿיעל בעשעפֿענישען, וואָס האָבען זיך ניט געקענט אַזוי גיך צופּאַסען צו די נייע בעדינגונגען, זיינען אומגעקומען

אין גאַנצען און היינט געפֿינט מען זייערע שקעלעטען, אָדער זיי האָבען גאָר קיין צייכען נאָך זיך ניט געלאָזען. אַנדערע אָבער האָבען זיך יע געענדערט, צוגעפּאַסט און זיינען דעריבער לעבען געבליעבען. ביאָלאָגיע, אָדער די וויסענשאַפֿט וועגען לעבענדיגע בעשעפֿענישען, ברייננגט זעהר פֿיעל עהנליכע ביישפּיעלען.

אַז די פֿאָרמען, דאָס אויסזעהן פֿון די בעשעפֿענישען און זייערע אָר-גאַנען זיינען ניט קיין אייביגע, בעווייזט אַם בעסטען דאָס פֿיה האָדעווען. אַ בעל הבית צב. וואָס האָדעוועט שעפּסען וויל האָבען אַ ראַסע שעפּסען מיט לאַנגע וואָל און קורצע פֿיס כדי זיי זאָלען ניט שפּרינגען איבער די פּלויטען. וואָס טהוט ער? ער קלייבט אויס די שעפּסען מיט לאַנגע וואָלל און קורצע פֿיס און האַלט זיי אין גאַנצען בעזונדער. די עלטערן גיבען איבער די קינדער בירושה די צייכען, עס ווערען אַלץ וויי‏ניגער געבוירען שעפּסען מיט לאַנגע פֿיס און קורצע וואָל; ער קלייבט ווידער אויס די, וואָס האָבען זעהר לאַנגע וואָל און קורצע פֿיס און האַלט זיי בעזונדער, ביז עס קומט אַרויס אַזאַ ראַסע, ווי ער וויל. דער פֿיה האָדעווער מאַכט אַלזאָ אַ קינסטליכען אויסוואַהל, אין אַ געוויסען ציעל. אין דער נאַטור קומען אויך פֿאָר אַזעלכע אויסוואַהלען אונטער דער ווירקונג פֿון די לעבענס בע-דינגונגען, צב. די מאַיקעפֿער האָבען איבעראַל פֿליגעל, נור אויף דעם אינ-זעל מאַדעראַ האָבען די קעפֿער די פֿליגעל צוגעוואַקסען צום קערפּער און קענען ניט פֿליהען. וואַרום? אין דער נאַטור קומט קיין זאַך ניט דורך אַ צו-פֿאַל, אַלעס האָט איהר אורזאַכע. דאָ איז די אורזאַכע, ווייל אין מאַדעראַ בלאָזען זעהר שטאַרקע ווינדען; ווי נור אַ מאַיקעפֿער העבט זיך אויף אין דער לופֿט, טראָגט איהם דער ווינד אַוועק אין ים אַריין און — ער קומט אום. ביסלעכווייז אַלזאָ האָבען געמוזט אומקומען די אַלע מאַיקעפֿער, וואָס האָבען געהאַט ענטוויקעלטע פֿליגעל. עס זיינען געבליבען די, וואָס האָבען ניט געהאַט קיין ענטוויקעלטע פֿליגעל און האָבען דעריבער ניט געקענט פֿליהען; נאַכהער איז עס איבערגעגאַנגען בירושה צו די שפּעטערע דורות. מיר זעהן אַלזאָ, ווי דער נאַטירליכער אויסוואַהל האָט אומגעבראַכט די פֿליהענדע קעפֿער, — ווערכע זיינען געווען שלעכט צוגעפּאַסט צו די נייע בעדינגונגען — שטאַרקע ווינדען און האָט געלאָזען לעבען נור די וואָס זיינען געווען בעסער צוגעפּאַסט. עס איז אַלזאָ דאָס זעלבע ווי ביי דעם פֿיה-האָדעווער. דער אונטערשיעד איז, דאָס ער קלייבט אויס די, וואָס זיינען פֿיר איהם נוטציג: לאַנגע וואָל און קורצע פֿיס, האָטש פֿיר די שעפּסען טייג עס אפשר ניט, ווערהענד אָבער די נאַטור וועהלט אויס פֿון טובה וועגען פֿון די בעשעפֿעני-שען, ד. ה. זי מאַכט מעגליך, זיי זאָלען קענען עקזיסטירען. דאָס זעלבע פּאַסירט אין דער גאַנצער נאַטור, זאָ דאָס יעדע אַרט בעשעפֿענישען אָדער פֿלאַנצונגען איז דורכגעגאַנגען אַ גאַנצע רייהע פֿון צופּאַסונגען צו די לעבענס בעדינגונגען.

ביז איצט האָבען מיר גערעדט וועגען די בעדינגונגען, וואָס די נאַטור אַליין בעשאַפֿט, ווייל ז ענדערט זיך. אָבער די לעבענדיגע בעשעפֿענישען

שטעלען אַליין אויך איינע די צווייטע בעדינגונגען אין דאָס אָפּטמאָהל זעהר שווערע. די לעבענדיגע בעשעפענישען לעבען איינער פון צווייטען; זיי פרעסען אויף איינע די אַנדערע, אָדער זיי קעמפּפען אום די זעלבע שפּייז, וואו זי איז פעראַן ווייניג. און אויך צו דעם קאַמפּף אום דאַזיין האָבען זיך אַלע געמוזט צופּאַסען און די וואָס האָבען זיך ניט געקענט צופּאַסען — זיינען אומגעקומען. דער נאַטירליכער אויסוואַהל האָט געלאָזען לעבען און פערמעהרען זיך נור די, וואָס זיינען געווען אַם בעסטען צוגעפּאַסט. אַמאָהליגע ווילדע פערד, וואָס זיינען געווען צו שווער, געהאַט צו ווייכע הופען און האָבען דעריבער ניט געקענט ענטלויפען פאַר די ווילדע חיות, האָבען געמוזט אומקומען. עס זיינען געבליבען נור די גערינגערע פערד מיט האַרטע הופען. אין די שפּעטערע דורות זיינען די צייכען אַרויסגעטראָטען אַלץ דייטליכער. דאָס זעלבע איז געווען ביי די לייבען און טיגריסען; נאָך פיעל הונדערט-יעהריגעם קאַמפּף צווישען זיך, נאָך לאַנגע צייטען, ווען די ווייניג צוגעפּאַסטע זיינען אומגעקומען, זיינען געבליבען נור די לייבען און טיגריסען, וואָס זיינען געווען די שטאַרקסטע, וואָס האָבען געהאַט די שאַרפסטע ציין און קלויען; ציגען און האָזען — די פלינקסטע, הינד מיט'ן בעסטען גערוך, אָדלער מיט די האַרטסטע דזיאָבען א. ז. וו. א. ז. וו. — אין דער גאַנצער מלוכה פון חיות און פלאַנצען.

דאָס איז אין קורצען די טהעאָריע, וואָס זאָגט, דאָס אַלע לעבענדיגע בעשעפענישען ענדערן זיך, קעמפּפען אום דאַזיין, און דאָס עס בלייבען נור די, וואָס זיינען אַם בעסטען צוגעפּאַסט. די טהעאָריע האָבען ענטדעקט צוויי בעריהמטע געלעהרטע: אַ פראַנצויז לאַמאַרק און אַ ענגלענדער קאַרל דאַרווין. זיי האָבען פיר דער מענשהייט זעהר פיעל געטהון דערמיט, וואָס זיי האָבען אויפגעוויזען, דאָס די וועלט איז ניט אַרויס פערטיג פון בורא'ס הענד, ווי אַ בולקע פון אויווען, נור דאָס זי האָט זיך געענדערט און ענטוויקעלט אָהן אַ אויפהער און דאָס עס איז קיין גן עדן אויף דער ערד קיין מאָהל ניט געווען, נור אַ שווערער און האַרטער קאַמפּף. און דער מענש איז אויך געבוירען געוואָרען ניט אין גן עדן, ניט אים וואונדערליכען גאָרטען, וואו עס איז גע-ווען פיר איהם אַלעס אָנגעגרייט, דאָס ער איז ניט אויפגעקומען צווישען ווילדע חיות, וואָס האָבען איהם די הענד געלעקט און געקומט צו איהם, ער זאָל זיי אַ נאָמען געבען. ניין! ווען די ערשטע מענשען זיינען אויפגעקומען, האָבען זיי געלעבט אויף די בוימער ווי די מאַלפּעס, געגעסען רויהע פרוכט, שפּעטער — בעהאַלטען זיך אין הוילען און אויסגעקוקט די רויב. פון אַלע זייטען איז געווען די געפאַהר. פאַר פיעל חיות האָבען זיי געמוזט ענטלויפען, אַ טהייל האָבען זיי געיאָגט, קורץ, זיי האָבען געמוזט קעמפּפען און דאָס אָהן אַ אויפהער. אין דעם קאַמפּף האָט דער נאַטירליכער אויסוואַהל געטהון דאָס זייניגע. דער מענש, וועלכער איז שוואַכער און קלענער פון פיעל חיות, האָט געמוזט — אויב ער האָט געוואָלט לעבען — אויסאיבען זיין פערשטאַנד. די שוואַכערע, ווייניגער פלינקע, ווייניגער פערשטענדיגע, מיט ווייניגער ענערגיע און דזיערהאַפט — זיינען אומגעקומען. דאָס מענשליכע געשלעכט

האָט זיך אויסגעבעסערט נור אים קאַמפף. וואָס דער מענש האָט ניט ערוואָרבען מיט אַרבייט, שווייס און אָפּפער האָט מען איהם פֿון הימעל ניט געגעבען. פֿאַר אַלעס, וואָס ער בעזיצט איצט, האָט ער גוט בעצאָהלט; און ווען ער וואָלט זיך ווירקליך אומקוקען אויף אַ נס, אַנשטאַט צו קעמפּפֿען מיט אַלע כחות, וואָלט שוין לאַנג פֿון איהם קיין זכר ניט געבליבען.

## II.

נור דער קאַמפף אום דאַזיין עקזיסטירט ניט נור אין דער נאַטור, נור זאָגאַר אין דער מענשליכער געזעלשאַפֿט. די מענשען קעמפּפֿען אום חיונה ניט נור מיט דער נאַטור, מיט די ווילדע חיות, נור זאָגאַר צווישען זיך, איינער מיט דעם צווייטען. יעדער וואָלט וועלען לעבען ווי אַם בעסטען, ער שטופּט זיך דעריבער פֿאָרוועָרטס און שטויסט אַוועק די, וואָס שטעהען איהם אין וועג. סוחרים קאָנקורירען צווישען זיך; די וואָס האָבען אַ קליינעם פֿערמעגען, די וואָס קענען אַזוי גיך ניט איינפֿיהרען קיין נייע מאַשינען, און מאַכען וואָלוועל, מיט איין וואָרט צופּאַסען זיך צו די געזעלשאַפֿטליכע בעדערפֿענישען — ווערען אָן זייער פֿערמעגען און זייערע קידער, אָדער זאָגאַר זיי אַליין מוזען ווערען לאָהן-אַרבייטער, מוזען זיך פֿערדינגען צו דער אַרבייט. דאָס זעלבע האָבען די פריצים געקעמפּפֿט אין אַכצעהנטען יאָהרהונדערט מיט די בויערן איבער דער ערד און ווייל זיי זיינען געווען שטאַרקער האָבען זיי די ערד אַוועקגענומען און די בויערן האָבען געמוזט אַרויסוואַנדערן און זוכען אַרבייט. די לאָהן-אַרבייטער האַלטען מלחמה מיט די פֿאַבריקאַנטען וועגען אַ בעסערען לאָהן, קורצען אַרבייטס טאָג א. ז. וו. און די פֿאַבריקאַנטען בעזיעגען זיי, נעהמען ביי זיי אַוועק די פּרוכט פֿון זייער אַרבייט, שטויסען זיי אַריין אין אָרימקייט, קריינק, פֿערקורצען זיי דאָס לעבען, וואַרפֿען אַרויף אויף זייערע פלייצעס די גאַנצע אָבצאָהלונגען, מיליטערדינסט, מיט איין וואָרט — די שווערסטע לעבענסלאַסט, די אויסגעבויטעטע און גערריקטע אַרבייטער הויבען זיך אָבער אָן צו דערמאָנען אום זייער רעכט און פֿאָדערען, די געזעלשאַפֿט זאָל פֿערלייכטערן זייער שווערע לאַגע, אָבהיטען זיי פֿון דלות און געשווינדען טויד. זיי פֿאָדערען געזעלשאַפֿטליכע גלייכהייט.

עס קומען אָבער צוגעהן געלעהרטע, בערופֿען זיך אויף דאַרווין'ס טהעאָריע און זאָגען: אויף דער גאַנצער וועלט, אין דער גאַנצער נאַטור איז ניטאָ קיין גלייכהייט. עס קען אַלזאָ אין דער מענשליכער געזעלשאַפֿט אויך קיין גלייכהייט ניט זיין. ווען עס וואָלט געווען גלייכהייט, וואָלטען די מענשען ניט בעדאַרפֿט קעמפּפֿען אום חיונה. קיינער וואָלט זיך ניט בעדאַרפֿט סטאַרען אום צו פֿערבעסערן זיינע פֿייהיגקייטען, זיין ענערגיע, עס וואָלט אַלזאָ קיין פֿאָרשריט ניט געווען. נור אין דעם קאַמפף אום דאַזיין האָבען זיך אויסגע-אַרבייט אין דער נאַטור אַזעלכע שטאַרקע און ווייגערע חיות ווי דער לייב און טיגריס, אַזעלכע פֿיהלענדע און קלוגע חיות, ווי דער עלפֿאַנט, באָבער

און אַפּפּע. אַלץ וואָס האָט ניט געקענט קעמפּפען, אַלץ וואָס איז געוועזן ערגער און שוואַכער, איז אומגעקומען. — און עס איז בעסער, עס איז גע-בליבען אָרט פיר די שטאַרקערע און פייהיגערע. דאָס זעלבע איז אויך אין דער געזעלשאַפט: — וואָס שאַדעט עס, דאָס די קבצנים קריינקען, ליידען, אַרבייטען און שטאַרבען פאַר דער צייט? ווען זיי זיינען אומגעקומען אין קאַמפף, זיינען זיי געוויס געוועזן שוואַכער און ערגער, מעגען זיי אַלזאָ אומ-קומען: זיי וועלען לאָזען פלאַטץ פיר שטאַרקערע און בעסערע. די געזעל-שאַפט דאַרף זיי ניט העלפען, ווייל נור דאַן וועלען גיכער בלייבען סאַמע געזונדע און פייהיגע; דאָס מענשליכע געשלעכט וועט ווערען אַלץ מעהר פערבעסערט. ווען די געזעלשאַפט וועט אָבער העלפען די אָרימע, וועט זי זיי דערמיט נאָך צוגעבען חושק, זיי זאָלען אויפהערען צו קעמפּפען און זיך ניט פערבעסערן.

אַזוי זאָגען צוויי גרויסע בורזשואַזע חכמים, וועלכע האַלטען זיך פיר דאַרווין׳ס תלמידים — דער דייטש העקעל און דער ענגלענדער ספּענסער און עס האַלטען זיי אונטער זעהר פיעל האַלב געלעהרטע, וואָס זיינען שטענדיג גרייט אויסצווזוכען פון אונטער דער ערד אַ זכות פיר דער בורזשואַזיע. די אונמענשליכקייט וואַרפט זיך אָבער אין די אויגען; עס קומען דעריבער זעהר אָפט מענשען, בטלנים אָדער פאַלשע יונגען, וואָס זיינען ווידער אויף׳ן דינסט פון דעם קלעריקאַליזמוס און זאָגען: זעהט צו וואָס אייער וויסענשאַפט פיהרט, זעהט, ווי שעדליך זי איז פיר דער געזעלשאַפט. עס איז אָבער ניט ריכטיג: די וויסענשאַפט איז דאָ גאָר ניט שולדיג. מען קען לייכט בעווייזען, דאָס טאַקי העקעל און ספּענסער שטימען ניט איין מיט דער אמת׳ער וויסענשאַפט, מיט דאַרווין׳ס טהעאָריע.

פאַר אַלעם מוזען מיר בעמערקען, דאָס זיי דרייען פראָסט איבער דאַרווין׳ס טהעאָריע. אויב דער קאַמפּף אום דאַזיין איז אַ גוטע זאַך, איז עס דערפאַר, ווייל די שלעכטע איינצעלנע קומען אום אין קאַמפּף און עס בלייבען נור די בעסערע, דאָס גאַנצע געשלעכט פאַרבעסערט זיך אַלזאָ, אַזוי פערשטעהן די בורזשואַזע געלעהרטע. אום צו זיעגען אין דעם קאָנקו-רענץ קאַמפּף דאַרף מען זיין פייהיגער, ענערגישער, געדולדיגער א. ז. וו. — די וואָס ווערען אַלזאָ רייך, די וואָס זיעגען, זיינען בעסער פון די בעזיעגטע — אָרימעלייט. דאָ איז אָבער אַ שווינדעל: דאַרווין׳ס טהעאָריע זאָגט ניט, אַז די בעסערע בלייבען, נור די וואָס זיינען בעסער צוגעפּאַסט צו די לעבענסבעדינגונגען, ניט איינמאָהל, ווען די בעדינגונגען פאַרערגערען זיך מוזען די בעסערע אָרגאַניזמען, די מעהר ענטוויקעלטע אויסשטאַרבען און עס בלייבען נור די ניעדריגערע, די ווייניגער ענטוויקעלטע: אין געגענ-דען צב. וואו עס איז אַמאָהל געוועזן זעהר הייס און נאַכהער האָט אָנגעהוי-בען ווערען אַלץ קעלטער, האָבען אַלע פיינערע, גרעסערע און שטאַרקערע בוימער און חיות געמוזט אומקומען, עס איז נור געבליבען ניעדריגע מאָך אין קליינע האָזען — זיי זיינען געבליבען טאַקי דערפאַר, ווייל זיי זיינען קליין, ווייל זיי בעדאַרפען זעהר ווייניג. אין די וואַסערן וואו די זון לייכט, האָבען

די פֿיש אויגען. עס זיינען אָבער פֿאַראַן (צב. אין סטריע) זעען און הוילען, וואו די זון קומט קיינמאָהל ניט צו, וואו עס איז אייביג פֿינסטער: דאָרט האָבען די פֿיש מיט דער צייט פֿערלאָרען די אויגען. זיי האָבען זיך אַלזאָ צוגעפּאַסט צו די לעבענסבעדינגונגען, אין וועלכע די ריאה איז איבריג. אָבער צו האָט זיך דאָרט דער מין פֿיש פֿאַרבעסערט? פֿאַרקעהרט — ער האָט זיך פֿארערגערט, ער איז געוואָרען ווייניגער ענטוויקעלט.

דאָס זעלבע פּאַסירט אויך אין דעם קאַמפּף אום דאַזיין אין דער נאַטור און אויך ביי מענשען. און אַזוי איז — ווי מיר וועלען ווייטער זעהן — אויך אין דער געזעלשאַפֿט, אין וועלכער עס רעגירט די אונגלייכהייט צווישען די מענשען. מיר וועלען עס בעטראַכטען פֿון מאָראַלישען און פֿיזישען שטאַנד פּונקט. מיר וועלען זעהן צו די זיעגער פֿון דער היינטיגער בורזשואַזער געזעלשאַפֿט זיינען מאָראַליש און פֿיזיש בעסער פֿאַר די בעזיעגטע, ד. ה. מאָראַליש: פֿייהיגער, געבילדעטער, פֿלייסיגער און אָרענטליכער; פֿיזיש; שטאַרקער, געזונדער און פֿיינער.

אין דער אמת׳ן אָבער איז עס גאָר דער היפוך. לאָמיר בעטראַכטען פֿון איין זייט די אָרימעלייט, די אויסגעבויטעטע. אמת, עס טרעפֿט זיך אַמאָהל, דאָס אַ קבצן דערשלאָגט זיך צו אַ פֿערמעגען, ווערט אַ גביר און זיעגט אים קאַמפּף אום דאַזיין, ווייל ער איז ענערגישער, געבילדעטער. דערביי קען ער אָבער זיין אַ פֿאַלשער יונג, אַ ימח שמו׳ניק, קאַרג, שלעכט פֿיר פֿרעמדע, ניט אָרענטליך, ער קען פֿיינט האָבען וויסענשאַפֿט און קונסט, ווייל דאָס אַלעס איז איבריג און שטערט זאָגאַר צו מאַכען אַ קאַריערע, אים קאַמפּף אום עשירות. די צופּאַסונג איז אַלזאָ אַזאַ, וואָס ענטוויקעלט די שלעכטע אינסטינקטען און לאָזט ניט ענטוויקלען די גוטע געפֿיהלען. און ווען אַ מענש לעבט אין דלות, אַז ער דאַרף ציטערן פֿאַר׳ן ברויטגעבער, בוקען זיך און בויגען אין דרייען אײדער ער קריגט אַרבייט, צו אַזאַ מענש פֿערליערט ניט זיינע בעסטע און עדעלסטע געפֿיהלען? אַ אמת׳ע גוטע פערזאָן, אַ ענטוויקעלטע, וואָס זאָגט דעם אמת אין די אויגען, מוז אָפֿט אומקומען; עס בלייבען נור די, וואָס האָבען זיך צוגעפּאַסט — אָבער טאַקי צום שלעכטען: מענשליכע מאַשינען אָהן אַ געפֿיהל, שוואַבע און געהאָרזאַמע. נאָך ערגער, דער דלות מיט די שוועריגקייטען אים לעבענסקאַמפּף מאַכען פֿון פֿיעל מענשען גנבים, ליגנער, זאָגאַר מערדער: ווייל וואָס טהוט אַ מענש ניט צוליעב חיונה.

לאָמיר בעטראַכטען פֿון דער צווייטער זייט די רייכע. זיי זיינען די זיעגער אים אַלטעגליכען לעבענסקאַמפּף, זיי דאַרפֿען אַלזאָ זיין בעסער. אמת, אום צו ווערען רייך דאַרף מען נאָך האָבען געוויסע מעלות, חאָטש, ווי מיר האָבען אויבען געזעהן, מען דאַרף האָבען חסרונות אויך ווי: גיעריגקייט, קאַרגקייט און בעגעהן זיך מיט׳ן צווייטען אונבעדינגט, אָהן רחמנות, פֿון „ואהבת לרעך כמוך״ מוז ווערען „ברור לו מיתה יפה״ (קלייב איהם אויס אַ לייכטען טוידט). אָבער די, וואָס זיינען שוין געבוירען געוואָרען רייכע, די עשירים בני עשירים — די דאַרפֿען שוין ניט קעמפּפֿען אום חיונה, זיי

זיינען איינפֿאַכע לײדיגגײער, פּאַראַזיטען, וואָס לעבען און ווערען דיק פֿון פֿרעמדע מיה און ארבייט. און אין דער גאַנצער נאַטור איז דאָס זעלבע. ווען אַ בעשעפֿעניש ווערט א פּאַראַזיט אויף'ן קערפּער פֿון אַ צווייטער בעשעפֿעניש, פּאַסט זי זיך צו צו די גוטע לעבענסבעדינגונגען, ווערט אָן אַלע אָרגאַנען, וואָס זיינען איהר שוין איבריג, ווערט קליין, ערגער. דען נאָך וואָס דאַרף אַ פּאראַזיט כח, פֿייהיגקייט, פֿלינקהייט א. ז. וו.? ער האָט אַלעס פֿערטיגע. דאָס זעלבע איז אויך מיט די רייכע. וואָס אַמאָהל איז צווישען זיי פֿעראַן אַלץ ווייניגער בראַווע, דענקענדע און אויסדויערהאַפֿטע; אַלץ מעהר אונגעלומפּערטע אויף'ן גוף און נשמה. זיי האַלטען זיך איין אויף זייערע הויכע שטעלען ניט אַ דאַנק זייערע מעלות; חאָטש זיי זיינען העסליכער און שוואַכער, זיעגען זיי דאָך די בעסערע איבעראַל — ווייל זיי האָבען אַ קונסטליכע מאַכט: דער געלד זאַק, וואָס זיי האָבען גענומען בירושה אין וועלכען די פּאָליציי און דאָס געזעטץ היט און וועהרט.

ווען מיר וועלען זיך צוקוקען, ווי אַזוי דער נאַטירליכער אויסוואָהל ווירקט אין דער געזעלשאַפֿט פֿיזיש, אויף'ן געזונד, וועלען מיר קומען צו די זעלבע אויספֿיהרונגען. די גבירים — פֿוילען און קריינקען, ווייל זיי אַרבייטען ניט, אָדער ווייל זיי הולטייעווען; די אָרימעלייט קריינקען, ווייל זיי הויבען אָן צו פֿריה אַרבייטען, ווייל זיי אַרבייטען צו פֿיעל, ערנעהרען זיך שלעכט, וואָהנען אין שלעכטע וואָהנונגען א. ז. וו. ווי עס איז, דער איצטיגער סיסטעם ווירקט שרעקליך. די מענשען ווערען שוואַכער, ווייניגער געזונד און מיאוס'ער. ווי קען זיין געזונד דאָרט, וואו די מוטער מוז שווער אַרבייטען, האָט ניט וואָס די קינדער צו געבען עסען און דער פֿאָטער שבור'ט פֿאַר פֿערצווייפֿלונג? און די יונגע און געזונדע מענשען, וואָס וואָלטען שוין יע געקענט ווי עס איז לעבען, חתונה האָבען און ערציהען געזונדע קינדער, מוזען געהן פֿיר זעלנער און קומען אַ היים אויסגעמאַטערטע — מיט ווענערישע קריינק. ביי די רייכע קלאַסען איז ניט בעסער. זעלטען ווען מען האָט דאָרט חתונה אויס ליעבע, מען קוקט נור אויף געלד, עס מעג זיין אַ עוקר, אַ בעל מום, אַבי געלד, רייכע עלטערן און אַ גוטע שטעלע; ווי אַזוי זאָלען זייערע קינדער ניט זיין קריינק? דערביי דאַרף מען בעמערקען, דאָס וועהרענד אין דער נאַטור קומען די שוואַכערע אום, ווייל זיי שטאַרבען פֿאַר הונגער, אָדער ווערען אויפֿגעפֿרעסען פֿון זייערע שונאים, מיט איין וואָרט זיי פֿערמעהרען זיך ניט, איז ביי מענשען גאָר אַנדערש: זייער פֿיעל שטאַרבען טאַקי צוליעב די שלעכטע לעבענסבעדינגונגען, אין דלות, אָדער צוליעב שווערע אַרבייט, אָבער קיין זאַך שטערט זיי ניט כל זמן זיי לעבען צו פֿערמעהרען זיך און דוקא די שוואַכערע לאָזען פֿיעל קינדער, קראַנקע, וועלכע פֿילען אָן נאַכהער די שפּיטאָלען, תפיסות און דול-הייזער. עס איז נאָך העקעל'ען, אָדער אַ אַנדערן משרת ביי דער בורזשואַזיע ניט געקומען אין קאָפּ קיין געדאַנק, מען זאָל די קראַנקע מענשען פֿאַרוועהרען חתונה האָבען, ווייל זיי פֿיהלען, אַז ערשטענס איז עס אונמעגליך און צווייטענס, מען וואָלט דאַרפֿען אָנהויבען פֿון די רייכע בערלאַקעס.

מיר זעהן אַלואָ, אַז אַ דאַנק דער אונגלייכהייט און דעם קאַמפּף אום דאַזיין ווערט דאָס מענשליכע געשלעכט מאָראַליש און פּיזיש ערגער, אַנ- שטאט צו פּערבעסערן זיך.

און דאָך — זינד מענשען עקזיסטירען אויף דער וועלט, קעמפּפענדיג שווער אום חיונה האָבען זיי כסדר געמאַכט פּאָרשריטען, זיינען געוואָרען פּייהיגער, קלוגער, שטאַרקער און לעבען אַלץ בעסער! וואַרום? נור צוליעב אחדות.

שוין זאָגאַר אייניגע חיות לעבען צוזאַמען און העלפען זיך איינאַנדער אין קאַמפּף אום דאַזיין. איך רעד שוין ניט פון דער נמלה, צו וועלכער שלמה המלך האָט נאָך געשיקט לערנען, נור זאָגאַר זעהר פיעל אַנדערע בעשעפּענישען אייניגען זיך אין סטאַדעס, אין מאַסען, אין פּעראיינען, אין געזעלשאַפטען צו העלפען איינע די צווייטע. עס איז בעוואוסט, דאָס די פויגעל לאָזען די שוואַכע ניט אַראָבפּאַלען פּליהענדיג, נור זיי האַלטען זיי אונטער; די אַפּפען, חאָטש זיי זיינען גרויסע פחדנים, וועהרען די שוואַכע און יונגע גאַנצע סטאַדעסווייז; די פּערד ועהרען זיך צוזאַמען געגען די וועלף. אַ געוויסער מרה שחורה׳דיגער פילאָזאָף האָט געזאָגט דאָס די מענ- שען זיינען וועלף איינער פיר דעם צווייטען. נור ווען דער מענש וואָלט זיך ניט געאייניגט, וואָלט ער נאָך ערגער געווען פון אַ וואָלף, ווייל וועלף געהן אין סטאַדעס און העלפען זיך איינאַנדער. אים אַלגעמיין שטרייטען די חיות אום חיונה מיט אַנדערע חיות, אָבער עס איז זעהר זעלטען, זיי זאָלען שטריי- טען צווישען זיך, זיי זאָלען איינע די אַנדערע אויפּפרעסען און אומ- בריינגען. און דאָ איז דער צווייטער טעות, וואָס די בורזשואַזע געלעהרטע האָבען, וועלכע וואָלטען ווערען די מענשען זאָלען זיך ניט בעשעפטיגען מיט זייערע אייגענע ברידער, וואָס זיינען שוואַכער אין דעם עקזיסטענץ-קאַמפּף.

די מענשען זיינען פון אויביג אָן געווען פיעל שוואַכער פּיזיש פון אַ סך חיות און וואָלטען געוויס ניט געקענט אויסהאַלטען, ווען ניט דאָס, ווייל זיי האָבען געהאַט אַ בעסערן שכל, האָבען זיי זיך פּעראייניגט אין גע- זעלשאַפטען און האָבען איינגעפיהרט אחדות. ווייל די מענשען האָבען אָב- געשאַפט דעם קאַמפּף צווישען זיך און איינגעפיהרט אויף דעם אָרט אחדות און געגענזייטיגע הילף, האָבען זיי געקריגען אַ גרויסע מאַכט אים קאַמפּף מיט די אַנדערע בעשעפּענישען, האָבען געקענט אַרויסציהען פון דער נאַטור אַלעס, וואָס זיי דאַרפען צום לעבען. אין די ערשטע געזעלשאַפטען איז טאַקי צווישען די מענשען קיין קאַמפּף ניט געווען: אַלעס האָט געהערט צו אַלעמען און אַלע זיינען געווען גלייך. נור אַ דאַנק דעם האָבען די מענ- שען אָנגעהויבען צו הערשען איבער די חיות, געטוידט אויף דער יאַגד, שפּע- טער — צוגעוואָהנט זיי אין שטוב, אָנגעהויבען בעאַרבייטען די ערד און בויען הייזער. ערשט שפּעטער זיינען אויפּגעקומען די אונגלייכהייט און די מלחמות. ניט איין פּאָלק איז דאַמאָלס געוואָהר געוואָרען, אַז די קריעג ביי זיך אין דער הוים שוואַכט איהם זעהר אָב און וואַרפּט איהם אונטער דעם צווייטען פּאָלק. וואַרום איז דען פוילען געפּאַלען אויב ניט דערפּאַר, דאָס

דער אַדעל האָט געלעבט פֿון פֿרעמדע אַרבייט ווי אַ פּאַראַזיט, האָט אָנגע-וואָרען די אַמאָהליגע פֿייהיגקייטען אַלס אַ זעלנער און — אַנשטאט וועהרען דאָס פֿאַטערלאַנד — האָט ער נור געקענט זויפֿען און טרינקען, לאָזען זיך איבערקויפֿען פֿון שונא און דאָס פֿאָלק, וואָס איז געווען געדריקט און אויס-געבויטעט האָט גאָר ניט פֿערשטאַנען און ניט געוואָלט וועהרען דאָס פֿאַטער-לאַנד? וואַרום האָט זיך פֿראַנקרייך אין דער זעלבער צייט אָבגעוועהרט געגען גאַנץ אייראָפּאַ, וועלכע האָט זי געוואָלט אומברייינגען? ווייל די פֿראַנצויזישע רעוואָלוציאָן האָט אַרויסגעטריבען די פּאַראַזיטען-אַריסטאָקראַטען, האָט אָבגעשאַפֿט די עבדות און האָט אייגגעפֿיהרט גלייכהייט און ברידער-ליכקייט, אָדער אחדות, חאָטש נאָך ניט אין גאַנצען און ניט אויף לאַנג!

עס איז אַ גרויסער טעות, ווען מען מיינט, דאָס די געזעלשאַפֿט וואַרפֿט אַרויס איהרע כחות בחנם, העלפֿענדיג איהרע שוואַכערע אָדער קראַנקערע מיטגלידער. עס איז אַ טעות און פֿאַלש צוליעב צוויי טעמים. ערשטענס, די בעזיעגטע אים קאַמפּף, די אָרימעלייט, די קראַנקע קבצנים, ווי מיר האָבען שוין געזאָגט, קומען ניט אום, פֿערשוואונדען ניט (ווי דער אמת, די רייכע וואָלט עס זאָגאַר אויך ניט וועלען, ווייל ווער וואָלט דאַמאָלס אויף זיי האָ-רעווען! ?). זיי בלייבען אין דער געזעלשאַפֿט — און ליידען, אָבער די גאַנצע געזעלשאַפט ליידעט דורך דעם. זיי קריינקען — די מגפה צושפרייט זיך אויף די געזונדע אויך; זיי האָבען שוואַכע קינדער: די געזעלשאַפֿט האָט ניט, ווער זאָל זי וועהרען געגען אַ שונא. אויסער דעם געהט די גאַנצע אינ-דוסטריע און ערדאַרבייט ניט איבריג, ווען דער אַרבייטער איז שלאַף. אַ טהייל פֿון זיי ווערט דעמאָראַליזירט, ווערט גנבים, מערדער: די גאַנצע געזעלשאַפֿט ליידעט דערפֿון א. ז. וו. צווייטענס — ווער קען עס אויסרעכנען, וויסען, וויפֿיעל כחות, וויפֿיעל פֿייהיגקייטען געהן לאיבוד אָהן אַ מינדעסטע נוטץ פֿיר דער געזעלשאַפֿט נור דערפֿאַר, ווייל אַזוי פֿיעל מענשען לעבען אין דחקות, שטאַרבען פֿאַר דער צייט, קענען זיך ניט בילדען און ענטוויקלען זייערע פֿייהיגקייטען! לאָמיר נעהמען אַזאַ ביישפּיעל: פֿאַר דער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציאָן האָבען נור אַדעליגע געקענט ווערען אָפֿיצירען; בויערן און שטאַדטבירגער — האָט מען געהאַלטען פֿיר אונפֿייהיגע צו בעפֿעהלען, זיי האָבען געדינט אַלס פּראָסטע זעלנער. ווען די רעוואָלוציאָן האָט צוגעלאָזען צו דער קאָמענדע יעדען, וואָס איז געווען ווירקליך פֿייהיג, האָבען זיך מיט אַמאָהל געפֿונען צעהנדליגער און הונדערטער גרויסע מיליטערישע טאַלענטען; איינפֿאַכע זעלנער זיינען געוואָרען אָפֿיצירען און זיינען נאַכהער געווען גע-ניאַלע פֿיהרער. ווי נור עס וועט הערשען צווישען מענשען גלייכהייט, ווי די סאָציאַליסטען ווילען, ווי נור יעדער מענש וועט קענען אַרבייטען לויט זיינע פֿייהיגקייטען פֿיר דער געזעלשאַפֿט, וועט האָבען זיכערע חיונה און הויכע בילדונג, וועט דאָס זעלבע פּאַסירען אין אַלע פֿאַכען; פֿייהיגקייטען און כחות, וואָס געהן היינט פֿערלאָרען וועלען דאַמאָלס ארויסקומען אין דער הויך, און וויסענשאַפֿט, מלאכות און שעהנע קונסטען וועלען מאַכען ריעזיגע פֿאָרשריטע.

שוין זאָגאַר איצט הויבען די געדריקטע אָן אַלץ מעהר צו פֿערשטעהן, אַז ניט דער קאַמפף פֿון אַ יחיד מיט אַ יחיד, ניט דורך קנאה, שנאה, נור דורך אחדות, אָרגאַניזירען זיך וועלען זיי פֿערבעסערן דעם לעבען, ענטוויקלען אַלע מעלות פֿון קערפּער און גייסט, געזונד און אָרענטליכקייט, קראַפֿט און בראַווהייט; דאָס נור איינהייט וועט זיי געבען די מעגליכקייט צו זיעגען זייערע דריקער מיט די יוצר משרתים — די רעגירונגען.

די געלעהרטע, וואָס דיענען ביי דער בורזשואַזיע און האַלטען זיך כלומרשט פֿיר דאַרווין'ס תלמידים, שטעלען זיך פֿאָר דעם קאַמפף אום דאַזיין, אַז אַ בלינדע, שטומע און טויבע מאַסע מענשען לויפֿט אויף אַ קרומען וועג אָהן אַ קלאָרען ציעל. עס פֿערשטעהט זיך, דאָס אַזוינע מענשען מוזען זיך שטויסען, שלאָגען, שטופּען, אַריינפֿאַלען אין גריבער, צוברעכען האַלז און נאַקען און קיינער וועט זיי ניט העלפֿען. דריי פֿיערטעל — און אפשר נאָך מעהר — וועלען אומקומען אין וועג, עטליכע וועלען דערגעהן. די אמת'ע וויסענשאַפֿט אָבער, די ערנסטע און די אונגעפֿעלשטע עפֿענט די מענשען די אויגען און זאָגט: זעהט, דער וועג איז אַ שווערער, אַ משופּע'דיגער, דער ציעל איז אָבער אַ פֿיינער; ויט אייך די הענד, היט אָב איינער דעם צווייטען, העלפֿט איינער דעם אַנדערן — וועט איהר אַלע דערגעהן צום ציעל, די שוואַכערע ווי די שטאַרקערע.

די וויסענשאַפֿט זאָגט אַלזאָ צום מענשען: קעמפף — אָבער אין דעם ציעל, עס זאָל הערשען אין דער געזעלשאַפֿט איינהייט, ברידערשאַפֿט און גלייכהייט.



## דאס

# פראגראם

## פון די פוילישע סאציאליסטישע פארטיי

## PROGRAM POLSKIEJ PARTYI SOCYALISTYCZNEJ.



די פוילישע סאָציאַליסטישע פאַרטיי אַלס פּאָליטישע אָרגאַניזאַציאָן פֿון די אַרבייטער-קלאַסע אין פּוילען, וועלכע קעמפּפֿט פֿאַר די בעפֿרייאונג פֿון דעם קאַפּיטאַליסטישען יאָך, שטרעבט פֿאָר אַלעם אומצואוואַרפֿען די איצטיגע פּאָליטישע קנעכטשאַפֿט און צו ערווערבען די הערשאַפֿט פֿאַר דעם פּראָלעטאַריאַט. איהר ציעל אין דיזער שטרעבונג איז:

## די אונאבהענגיגע פוילישע רעפובליק

אויף דעם גרונד פֿון פֿאָלגענדע פונקטען:

## פּאָליטישע פונקטען:

1. דירעקטעס, אַלגעמיינעס און געהיימעס וואַהלרעכט, פֿאָלקס-געזעצגעבונג רעפֿערענדום, פֿאָלקס-איניציאַטיווע.
2. גלייכעס רעכט פֿאַר אַלע נאַציאָנען, וועלכע געהערען צו דער רעפּובליק אַלס מיטגליעדער אויף דעם גרונד פֿון פֿרייוויליגע פֿעדעראַציאָן.
3. זעלבסט-פֿערוואַלטונג פֿון געמיינדען און פּראָווינצען מיט אויסערוויילונג פֿון בעאַמטע.
4. גלייכהייט פֿאַר אַלע בירגער פֿון לאַנד אָהן אַ אונטערשיעד פֿון געשלעכט, ראַסע, נאַציאָנאַליטעט און רעליגיאָן.
5. פֿאָלקאָמענע פֿרייהייט פֿון וואָרט, פּרעסע, פֿערזאַמלונגען און פֿעראיינען.
6. אומזאָנסטיגע געריכטען, אויסערוויילונג פֿון ריכטערס און געריכטליכע פֿעראַנטוואָרטליכקייט פֿון די בעאַמטע.
7. אומזאָנסטיגע, געצוואונגענע, אַלגעמיינע, פֿאָלשטענדיגע בילדונג, פֿערשאַפֿונג פֿון לעבענסמיטלען פֿאַר די שילער דורך דעם שטאַאַט.
8. אָבשאַפֿונג פֿון דעם שטענדיגען מיליטער און אַלגעמיינע בעוואַפֿנונג פֿון דעם פֿאָלק (מיליציע).
9. פּראָגרעסיווע שטייער פֿון איינקינפֿטען און פֿערמעגען, דאָס זעלבע פֿון ירושה. אָבשאַפֿען אַלער אַרט שטייער פֿון נויטווענדיגסטע מיטלען פֿון ערשטער בעדירפֿניס.

# עקאנאמישע פונקטען:

1. אַרבייטערשוטץ.

א. 8 שטונדיגער אַרבייטס-טאָג מיט אַ 36-שטונדיגען אייסרוה אין וואָך.

ב. מינימום פֿון אַרבייטס-לוין.

ג. גלייכער לוין פֿאַר פֿרויען און מענער ביי גלייכע אַרבייט.

ד. פֿערוועהרען די אַרבייט פֿון קינדער ביז 14 יאָהר, בעגרענצען די אַרבייט פֿון ניט ערוואַקסענע (פֿון 14 ביז 18 יאָהר אויף 6 שטונדען אין טאָג.

ה. פֿערוועהרען די נאַכט אַרבייט אַלס פּרינציפּ.

ו. פֿערהיטונג פֿון די געזונדהייט פֿון די אַרבייטער (פֿאַבריק היגעניע).

ז. פֿערזיכערונג דורך די רעגירונג, אין פֿאַל פֿון אונגליק, פֿון אַרבייטס-מאַנגעל, קראַנקהייט אָדער עלטער.

ח. אויסערוויילונג פֿון פֿאַבריק-אינספּעקטאָרען דורך די אַרבייטער זעלבסט.

ט. אַרבייטס-בערזען און אַרבייטער-סעקרעטאַריאַט.

י. פֿאָלשטענדיגע פֿרייהייט צו סטרייקען.

2. שטופֿענווייזע איבערנעמען דורך די געזעלשאַפֿט פֿון לאַנד, פֿון פּראָדוקציאָנס און קאָמוניקאַציאָנס-מיטלען.



# אידישע אויסגאבען

פֿון

די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי.



גן-עדן התחתון. פּרייז: אין ענגלאַנד 2 פּענס; אין גאַליציען 20 העללער; אין אַמעריקאַ 5 סענט.

קאַוטסקי. די אונאַבהענגיגקייט פֿון פּוילען. פּרייז: אין ענגלאַנד 1 פּ.; אין גאַליציען 10 העל.; אין אמעריקא 3 סענט.

פֿייגענבוים. ווי קומט אַ איד צו סאָציאַליזמוס? פּרייז אין ענגלאַנד 2 פּ.; אין גאַליציען 20 העל.; אין אמעריקא 5 סענט.

א. ווראָנסקי. די אידען אין פּוילען. פּרייז: אין ענגלאַנד 1 פּ.; אין גאַליציען 10 העל.; אין אמעריקא 3 סענט.

ש. דיקשטיין. פֿון וואָס איינער לעבט. פּרייז אין ענגלאַנד 2 פּ.; אין גאַליציען 20 העל.; אין אמעריקא 5 סענט.

וואס יעדער אַרבייטער דאַרף וויסען און געדענקען. פּרייז: אין ענגלאַנד 3 פּ.; אין גאַליציען 30 העל.; אין אמעריקא 10 סענט.

ליעבקנעכט. די וואַרהייט איבער דעם סאָציאַליזמוס. פּרייז: אין ענגלאַנד 3 פּ.; אין גאַליציען 30 העל.; אין אמעריקא 10 סענט.

די אַרבייטער-רעוואָלוציאָן. פּרייז: אין ענגלאַנד 1½ פּ.; אין גאליציען 15 העל.; אין אמעריקא 5 סענט.

א. דעמבסקי. סטאַניסלאַוו קוניצקי. פּרייז אין ענגלאַנד 1 פּ.; אין גאַליציען 10 העל.; אין אמעריקאַ 3 סענט.

מ. מיכלזאָהן. הערשעל דער שניידער. פּרייז: אין ענגלאַנד 1 פּ.; אין גאַליציען 10 העל.; אין אמעריקא 3 סענט.

לאַטאַרניק. יאַראָסלאַוו דאָמבראָווסקי. פּרייז: אין ענגלאַנד 1 פּ.: אין גאַליציען 10 העל.; אין אמעריקאַ 3 סענט.

שפּיאָן. פּרייז: אין ענגלאַנד 1½ פּ.; אין גאליציען 15 העל.; אין אמעריקא 5 סענט.

לאַטאַרניק. די גרויסע פֿראַנצויזישע רעוואָלוציאָן. פּרייז: אין ענגלאַנד 2 פּ.; אין גאַליציען 20 העל.; אין אמעריקא 5 סענט.

ב. א. י. לודוויג וואַרינסקי. פּרייז: אין ענגלאַנד 2 פּ.; אין גאַליציען 20 העל.; אין אמעריקא 5 סענט.

אַמעריקאַנער. פֿיליפּינאַ פּלאַסקאָוויצקאַ. פּרייז: אין ענגלאַנד 1 פּ.; אין גאַליציען 10 העל.; אין אמעריקא 3 סענט.

אַרבייטער געדיכטע. פּרייז: אין ענגלאַנד 3 פּ.; אין גאליציען 30 העל.; אין אמעריקאַ 10 סענט.

א. י. אַוגוסט בלאַנקי. פּרייז: אין ענגלאַנד 1 פּ. אין גאליציען 10 ה.; אין אמעריקאַ 3 סענט.

אַ קלאָרער ענטפּער (ביילאַגע צום 8-טען נומער „אַרבייטער"). פּרייז: אין ענגלאַנד 1½ פּ.; אין גאַליציען 15 העל.; אין אמעריקא 5 סענט.
די אַרבייטער סאָלידאַריטעט און דער קאַמפּף אום דאַזיין. פּרייז: אין ענג-לאַנד 1 פּעני; אין גאַליציען 10 העל.; אין אַמעריקאַ 3 סענט.



## אידישע ארגאנען פון פּ. פּ. ס.

„דער אַרבייטער" — אין דער געהיימער דרוקעריי אין פּוילען.
„די פּראָלעטאַרישע וועלט" — לאָנדאָן.
„די אידישע פאָלקס צייטונג" — לעמבערג.

—•≡|••|≡•—

אַלע אויסגאַבען פֿון פּ. פּ. ס. זיינען צו בעקומען
אין דער בוכהאַנדלונג פֿון פּ. פּ. ס.:
J. Kaniowski, 67 Colworth Road, Leytonstone, London N. E.
אָדער אין דער לאָנדאָנער בראַנש פֿון פּ. פּ. ס.
4 Thomas street, Whitechapel, London E.
אין אַמעריקאַ ביים מיטגליעד פֿון די ניו-יאָרקער סעקציאָן פֿון פּ. פּ. ס.
M. Wolczyner, 543 E. 5 street, room 17, New-York N. Y.
אין בראָקטאָן ביים מיטגליעד פֿון פּ. פּ. ס.
J. Zilber, Brockton Mass., 74 Sawtell Ave.
אין גאַליציען ביי אַלע פּאַרטיי קאָלפּאָרטערען.



*Printed and published by J. Kaniowski, 67 Colworth Road, Leytonstone, London N. E.*